אידישע יוגנט ביבליאטעק



א. פראוואטינער

# צוויי פורים-שפילן

## ליאלקעס
## א פריילעכער פורים







פארלאג מ. צעשינסקי
שיקאגא - 1938

אידישע יוגענט ביבליאטעק

# צוויי פורים־שפּילן

## ליאלקעס
## א פריילעכער פורים

פון א. פראזאטינער



פאַרלאַג מ. צעשינסקי, שיקאגא, איל.

הילע געצייכנט פון טאָדרעס געללער



M. CESHINSKY, Publisher
2720 W. Division Street, Chicago

געזעצט און געדרוקט אין גלאָבוס דרוקעריי • זיבעצן פיר און פערציק
נאָרט דיימען עוועניו, שיקאַגאָ • אין יאָר ניינצן אכט און דרייסיק

# ל י אַ ל ק ע ס

פ ע ר ז א נ ע ן :

פּאַיאַץ

פּערעלע (רעדט אַ גוטן יידיש).

סערעלע (קאָן קיין יידיש ניט).

ליאַלקעס :

| | |
|---|---|
| אחשורוש | אסתר |
| המן | חרבונה |
| וויזתי | ממוכן |
| מרדכי | אחשתרנים. |

פ אָ ר ש פּ י ל :

איידער דער פאָרהאַנג גייט אויף, שטעקט דער פּאַיאַץ אַרויס דעם קאָפּ צום פּובליקום און זאָגט :

**פּ אַ י אַ ץ :** **אַ גוטן פּורים, מיינע ליבע קינדערלעך. לכבוד דעם היינטיקן יום־טוב, ווייל איך אייך אַביסל פריילעך מאַכן. איר ווילט וויסן, ווער איך בין? אָט וועל איך זיך פאָרשטעלן** (גייט אַרוים אויפן אַוואַנס־סצענע, פאַרנייגט זיך, און זאָגט) : **קלעזמערל, צימבל צו אַביסעלע!** (הויבט אָן מיטן **ניגון פון אקדמות)** :

**איך בין דער פּאַיאַץ איבער אַלע פּאַיאַצן ;**
**איך דזשינגדזשע מונטער מיט די טאַצן.**
**איך טראָג מיט גלעקלעך אַ מיצל,**

איך קאָן אויך זאָגן אַ נאַריש וויצל.
מיין אַרבעט איז — איך פריילעך מאַכן,
זיך מאַכן נאַריש — און איר זאָלט לאַכן.
טאַ זינגט־זשע, אַלע קינדערלעך:
ציגעלע־מיגעלע, קאַטינקע,
רויטע פּאָמעראַנצן,
היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס —
טאַ לאָמיר זינגען, טאַנצן.

פּאַרהאָס זינגט איר ניט? איך וועל ניט אָנהויבן די שפּיל, ביז איר וועט מיט מיר נים זינגען אַ לידעלע. לאָמיר זינגען: שושנת יעקב! אַלע קוקן אויף מיין האַנט. (אַקאָרד, פּאַיאַץ דיריגירט, אַלע זינגען):

קום איך אַריין צושפּרינגען,
אויף אַ פּיסעלע לויז,
הויב איך אָן צו זינגען,
דער דלות איז מיר גרויס.
זינגען מיר, לויבן מיר, שושנת יעקב —
זינגען מיר, לויבן מיר, שושנת יעקב.
פאַרפלוכט זאָל ווערן המן:
וואָס איז געווען דער ערגסטער,
געבענטשט זאָל ווערן מרדכי:
וואָס איז געווען דער בעסטער.
געבענטשט זאָל זיין די מלכה:
וואָס האָט געהייסן אסתר.
זינגען מיר, לויבן מיר, שושנת יעקב.
(ווען מען פאַרענדיקט זינגען, זאָגט ער):
בראַווא, אַזוי האָב איך אייך ליב.
איצט וועל איך אייך ווייזן אַ שיינע שפּיל.
איר זאָלט אָבער זיצן שטיל, שטיל —
ווי די קעצעלעך. (פּאַטשט אין האַנט און שריים):
לאַפּאַטוט, עפן דעם פאָרהאַנג!! . . .

(דער פאָרהאַנג עפנט זיך).

## ערשטער אקט:

די בינע שטעלט פאָר אַ גרויס עס־צימער. אין לינקן ווינקל פון צימער שטייט אַ לאַנגער טיש געגרייט צו דער סעודה. גרויסע פורים־קוילישן און אַנדערע פורים געבעקס ליגן אַנגעלייגט. אויפן מיטן טיש, אַ גרויסע זילבערנע מנורה, מיט ניט קיין אַנגעצונדענע ליכט. דער גאַנצער הינטער־גרונט, און די רעכטע זייט פון בינע, איז אויסגעשטעלט מיט שאַכטלען אין וועלכע עס שטייען אַלע הויפּט־אַנטיילנעמער אין פאַרשיידענע ליאַל־קע־פּאָזעס, אומבאַוועגלעך, פאַרפּוצט אין היסטאָרישע קאָסטיומען. די אחשתרנים שטייען צווישן די שאַכטלען. ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך. הערט מען ווי פּערעלע און סערעלע קומען אָן.

**פּערעלע:** קום שוין, קום שנעלער, וועל איך דיר ווייזן מיינע ליאַלקעס, וואָס מיין פּעטער האָט מיר געשיקט שלח־מנות. (זיי קומען אַרויף אויף דער בינע, סערעלע באַטראַכט דעם געגרייטן טיש).

**סערעלע:** ליסן, פּערלי, וואָט קאַין אָף עי האָלידיי איז טודעי?

**פּערעלע:** דו ווייסט גאָרניט? הייגט איז דאָך פורים!

**סערעלע:** ע, וואָט? בורים?

**פּערעלע:** גויִעשער קאָפּ! פורים, ניט — בורים! אַ חרפּה, אויף מיין וואָרט, אַז אַ אידיש מיידל ווי דו זאָל זיך ניט אויסלערנען רעדן יידיש. ווען דו גייסט אָבער אין אַ יידישער שול, וואָלסטו געלערנט געשיכטע, און ניט געפרעגט וואָס „בורים" איז.

**סערעלע:** מאַי מאָדער דאָנט קער פאָר דזשואיש.

**פּערעלע:** ביסט אַ נאַר, דאָס וואָס דיין מאַמע „קערט" ניט איז נאָך ווייניק, עס איז שוין צייט, אַז דו זאָלסט אַליין פאַרשטיין, אַז אַ יידיש קינד מוז קענען די יידישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע, אַ נישט, וועסטו נישט וויסן ווער דו ביסט.

**סערעלע:** אָלל־רייט, שאָו מיר יאָור גיו טאָיס!

**פּערעלע:** נאַרעלע, און אַז איכל דיר ווייזן מיינע ליאַלקעס, וועסטו זיי דען פאַרשטיין? דאָס איז ניט קיין ליאַלקעס גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. זיי קאָנען טאַנצן, און זיי קאָנען פאַרשטעלן די שפּיל פון אחשׁ־וורוש'ן מיט אסתר'ן. אָבער דו וועסט אפילו־קיין וואָרט ניט פאַרשטיין פון דער גאַנצער שפּיל.

**סערעלע:** לעט סי וואָט דעי קען דו.

(די גאַנצע צייט פון זייער געשפּרעך, קרומט דער פּאַיאַץ איבער סע־רעלען, און פאַרענדיקט איר יעדן זאַץ).

פ ע ר ע ל ע : **באַלד וועסטו זען.** (זי גייט צו צו די שאַכטלען, נעמט אַרויס די ליאַלקעס, שטעלט זיי אויס אין איין שורה, מאַכט אַן אָנשטעל, ווי זי דרייט זען. דער פּאַיאַץ העלפט און טומלט זיך די גאַנצע צייט פון שפּיל, פאַרענדיקט די זאַצן פון אַלע אָנטייל־נעמער אויף אַ קאַפּריז־אופן. אַקאָרד. די ליאַלקעס טאַנצן. ווען זיי פאַרענדיקן, בלייבן זיי שטיין אין פאַרשיידענע צעקרימטע פּאָזעס. פּאַיאַץ, פערעלע און סערעלע פּלעסקען בראַוואָ, און שטעלן אויס די ליאַלקעס אין איין שורה נעבן די שאַכטלען, אויסער דעם קיניג, וועלכער בלייבט שטיין אויף זיין אָרט).

פּ אַ י אַ ץ :

**יעמוד, הטיפוש הגדול המלך אחשוורוש.**
**אַ גראַם צו אַחשוורוש, וועט זיין . . . בפירוש.**
**עס שטייט בפירוש געשריבן :**
**אַז דו פאַרמאַגסט הונדערט צוואַנציק זיבן —**
**לענדער.**
**און מען זאָגט, אַז דו ביסט אַ גרויסער שווענדער,**
**און דער הויפּט עיקר :**
**אַ געפערלעכער שיכור,**
**ווייל דו ביסט אַן אייניקל פון לויט,**
**דערפאַר איז דאָס נעזעלע ביי דיר שטענדיק רויט.**
**און טרינקען קענסטו צוואַנציק שעה אויפן זייגער —**
**ביז דו פאַלסט אַוועק ווי אַ פּגר.**
**סאָ לאָמיר זינגען אויפן אַלטן שטייגער :**
**לאָמיר אַלע זינגען, אַ זמרל, אַ זמרל !**
**ציפּ, צאַפּ, העמערל,**
**קום צו מיר אין קעמערל.**
**איכל דיר עפּעס ווייזן :**
**אַ שיסעלע מיט אייזן.**
**האָפּ, האָפּ, האָפּ !**
**דריי, פּאַיאַצל, מיטן קאָפּ.**

**א ח ש ו ו ר ו ש** (פּאַטשט אין האַנט) :

**וואו זיינען די אחשתרנים ?**
**דערקענט איר ניט אויף מיין פּנים —**
**אַז איך קען ניט שטיין אויף מיינע פיס ?**
**וועמען עס איז דאָס לעבן ניט מיאוס —**
**זאָל באַווייזן וואָס ער קאָן —**
**און גלייך אַריינברענגען מיין גאָלדענעם טראָן.**

**ח ר ב ו נ ה : בראַנגאַן זע אַראָן אַ שטאָל פאַרן קאָנאָג !**

**מ מ ו כ ן   אַ שטאָל ? וואָס, ער איז אַ פערד ?**

**חרבונה:** ער איז גאָט קאַן פּאַרדאַטש, ער איז אַ טיפּאַש, אַ באַ־הימאַ. יאָך מאַן, אַ שטיל!

**ממוכן:** שטיל, שטיל! רעד נים קיין קאַטשקע־לשון. וואָס מיינסטו?

**וויזתי:** ער מיינט אַ שטילוסיו. פאַרן קיניגוסיו. ער זאָל קאָנען מאַכן אַ זעצוסיו, דאָס מיינסטוסיו?

**חרבונה:** יאַ־אַ!

**וויזתי:** גייט, חברוסו, און ברענגט אַ שטילוסו.

(צוויי אחשתרנים מאַרשירן אַף ווי הילצערנע סאָלדאַטלעך, און ברענ־גען אַ טראָן. קיניג זעצט זיך).

**אחשוורוש:** רופט מיר צו מיין גרויסן חכם ממוכן.

**פּאַיאַץ:**

קום אַהער, חכם ממוכן —
דיין קעניג וויל געוויס בראָגפן מיט קוכן,
זאָג אים, אַז צופיל שיכורן איז מיאוס,
ווייל ער פאַלט שוין אַזוי אויך פון די פיס.
אמת, היינט איז טאָקע פורים —
און עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים;
אַז צו זיין שיכור אום פורים איז אַ מצווה אַ גרויסע,
דיין קעניג מאַכט דאָך אָבער אַ כוסה —
אַ גאַנץ יאָר.
טו זיי אַ קלוגער ריכטער,
און זאָג אים, אַז היינט דאַרף ער זיין ניכטער.
מעג ער אפילו ווערן צעשפּרינגען (ממוכן גייט צום קיניג),
וועל איך זינגען:
גייט אַ גוי אין שענקל אַריין, אין שענקל אַריין,
טרינקט ער דאָרט אַ פּעסעלע וויין, אַ פּעסעלע וויין, אַ
פּעסעלע וויין.
אוי, שיכור איז אַ גוי!
שיכור איז ער, טרינקען מוז ער,
ווייל ער איז אַ גוי. (בײַם)

**ממוכן:** (מאַרשירט צו, פאַרנייגט זיך):

מיין גרויסער האַר און קעניג,
איך בין דיר שטענדיק אונטערטעניק,
און גרייט צו יעדער צייט, און אָרט —
אויסצופאָלגן דיין יעדעס וואָרט,
זאָג, איך הער —
וואָס איז דיין באַגער?

**א ח ש ו ו ר ו ש :**
**מיין באָגער . . . וועט זיין — — —**
**גים ווייניקער, און גים מער . . . ווי אַ פלאַש ווײַן . . .**
**יאָ, ממוכן, איך וויל אויך פאַרזוכן —**
**פון דעם זאַפּראַן־קוכן —**
**וואָס מיין ושתּי האָט געבאַקן . . .**

**פּ אַ י אַ ץ :**
**איכל דיר באַלד געבן אין האַלדז און נאַקן.**
**פּערעלע האָט געבראַכט אַ חבר׳טע און וויל איר ווייזן די פּורים־שפּיל,**
**און ער וויל גאָר בראַנפן . . .**
**פּערעלע, דריי אָן די ליאַלקעס, און לאָמיר מאַכן פּראָבע פון שפּיל,**
**ווי לאַנג אין שטוב איז נאָך שטיל.**

(מען דרייט אָן די ליאַלקעס פון דאָס ניי. די מאַרשירן צו צום קעניג און שטעלן זיך אויך אַרום אין אַ האַלבן קרייז. אַלע הויבן אָן) :

**אַ ל ע :**
**מיר זיינען געקומען איך פריילעך צו מאַכן,**
**מיר וועלן שפּילן, און איר וועט זיך לאַכן.**
**היינט איז דאָך פּורים — אַ יום־טוב ביי אידן,**
**פון אונדזער שיין שפּילן — וועט איר זיין צופרידן.**

**ו ו י ז ת י :** (פאַרנויגט זיך)
**איך בין ווײַזתי,**
**דער גרויסער חכמוסיו, —**
**אַ זון פון גרויסן רשע׳סיו,**
**המן בן המדתי.**
**זאָל דער קיניגוסיו**
**געבן עפּעס אַ זאָגוסיו . . .**

**פּ אַ י אַ ץ** (צום פּובליקום) **:** **הערט אייך צו, דער שוטה בן פּיקהאָלץ רעדט . . .**

**א ח ש ו ו ר ו ש :** —
**איך בין אַחשוורוש, דער מלך פון פּרס,**
**ושתּי מיין ווייב האָט מיר פאַרשאַפט פיל צרות.**
**זי איז אויף דער סעודה צו מיר ניט געקומען,**
**האָט מען דעם נאַרישן קאָפּ איר אַרונטערגענומען.**
**מיין נאָמען איז גרויס אויף דער גאַנצער וועלט,**
**כ׳האָב אַ סך לענדער, כ׳האָב אַ סך געלט.**

(וויזתי לאכט און שפרינגט. סערעלע שטייט און גאפט. פערעלע האט הנאה, פאיאץ ענדיקט יעדן זאץ קאפויר).

וויזתי (צו המנ׳ען):

טאַטוסיו, עסן דײַן מוילוסיו,
און זאָג עפּעס דעם טיפּישוסיו.

המן (פאַרנויגט זיך):

גרויסער מלך, דערלויב מיר דיר עפּעס זאָגן.
עס איז פאַר מיר צו שווער — כ׳קאָן דאָס ניט פאַרטראָגן.
אין אונדזערע מדינות זענען פאַראַן אַ סך יידן —
וואָס זענען מיר דיר ניט צופרידן.

פאיאץ: (צום פובליקום): אוי, איז דאָס אַ המן. נאָר המנ׳ס מפּלה זאָל אויף אים קומען!

אחשוורוש: ווער — די יידן?

(המן וויל עפּעס זאָגן, רייסט איבער אין האַלבן וואָרט, בויגט זיך אומ־צופאַלן).

פאיאץ: ער האָט געוואָלט רעדן שלעכטס אויף יידן. האָט אים אָפּ־גענומען דאָס לשון.

פערעלע: אין מיטן, וועל איך אים אַנדרייען, וועט ער ווייטער רײדן (טוט עס).

המן (בוקט זיך):

יאָ, פון דײַנע געזעצן האַלטן זיי אין איין לאַכן.
זיי ווילן אונדז פאַר קבצנים מאַכן.
אַלע געשעפטן זענען ביי זיי אין די הענט,
אונדזער גלויבן — איז ביי זיי דאָך געשענדט.
ליבער, גרויסער קעניג:
פון לאַנד זיי פאַרטרייבן, איז נאָך ווייניק.
מען טאָר צו זיי ניט זײַן קיין ווייכער,
מען דאַרף זיי פאַרטיליקן —
ס׳זאָל פון זיי ניט בלייבן קיין זכר.
גרויסער קעניג, ליבער האַר:
צען טויזנט רענדלעך — גיב איך דיר דערפאַר.
(גיט אים אַ בײַטל מיט געלט).

פאיאץ: (צום פובליקום): איר הערט? אויף דעם בייזן המן זאָל קומען . . . איר ווייסט אַליין שוין וואָס! . . .

וויזתי: ליבער טיפּישוסיו, איך, וויזתי — ז׳ער גרויסער חכמוסיו, הייס דיך נעמען דאָס געלטוסיו, וועט זײַן אַ ברכה׳סיו צו דײַן קאַסטוסיו (ניסט) האַפטשו, האַפטשו!

א ח ש ו ו ר ו ש :

המן, ביסט אַ קלוגער מאַן :
מיר געפעלט דיין פּלאַן.
גיי, און טו לויט דיין פאַרשטאַנד,
נאַ דיר דאָס רינגל פון מיין האַנט (גיט אים אַ רינגל),
אַ באַפעל צעשיק איבערן גאַנצן לאַנד,
אַז איך, אחשוורוש, האָב באַוויליקט —
אַז די אידן אין איין טאָג זאָלן ווערן פאַרטיליקט.

(המן פאַרנויגט זיך דריי מאָל, רוקט זיך אָפּ אין אַ זייט).

(אסתר קומט צו צום קעניג, ער דערלאַנגט איר זיין סצעפּטער, זי פאַר־נויגט זיך און רירט אים אָן).

א ח ש ו ו ר ו ש :

ליבע, שיינע און טייערע פרוי:
ר ביסטו דערשראָקן, און בלאַס אויך אַזוי ?
אס פאַרלאַנגסטו — איך בעט דיך, זאָג !
אין' גיב דיר האַלב וואָס איך פאַרמאָג.

א ס ת ר :

זעסטו, מיין פנים איז בלייך און ווייס,
כ'האָב געהערט אַ שרעקלעכע נייס :
מען וויל דאָס אידישע פאָלק פאַרניכטן —
נאָר דו אַליין קאָנסט דאָס פאַרריכטן.

א ח ש ו ו ר ו ש : זאָג, ווער וויל דאָס אָזעלכעס טאָן ?

א ס ת ר : (ווייזט אויף המנ'ען) : אָט דער ביזער רשע המן !

(המן דערשרעקט זיך).

ז ו י ז ת י : ווי, ווי, טאַטוסיו, מירן ווערן די כפרה'סיו. (וויינט)

פּ אַ י אָ ך (צום פּובליקום) : איר הערט ? עס איז אַ סברה, אַז המן וועט היינט ווערן די כפרה.

ח ר ב ו נ ה (רוקט זיך אַרויס) : יאָך האָב געהאַרט אַ שראַקלאַכע יאַ־דייע, באַמאַן האָט געמאַכט אַ תלאַיע, פאַר מאַרדכאַס וואַגן !

א ח ש ו ו ר ו ש : וואָס בעבעסטו ? פּיפּערנאָטער ?

מ ר ד כ י (רוקט זיך צו) :

גרויסער קעניג : איך בין דער, וואָס האָט
דיך אַמאָל געראַטעוועט פון טויט.
בעט איך דיך אונדז העלפן אין אַ נויט,
שרייב אונטער אַ פּאַפּיר,
אַז די אידן זאָל קיינער ניט טאָרן געבן קיין ריר.

(אַחשוורוש שרייבט אונטער)

**אחשוורוש** (מיט כעס): המן, האסטו געמאכט א תליה פאר מרדכי'ס וועגן?

**המן** (שטיל): יא . . .

**אחשוורוש**: זאלסט אויף איר דעם טויט באלד קריגן.

**ווייזתי**: (וויינט): המן בן המדתי, א קלאג צו דיין קאפיסיו. (צוויי סאלדאטן נעמען המנ'ען אונטער די הענט).

**אחשוורוש**: און מרדכי'ן זאל מען פארן ערשטן מיניסטער מאכן. (פערעלע און סערעלע פאטשן בראווא, פאיאץ מאכט משוגענע שטיק).

**המן** (זינגט): (פון א. ליטווינס „פורים־שפיל")

וואו וועט מען הענגען, הענגען —
מיין שיינעם ראק?
זאגט־זשע, איר אלע! . . .

**כאר**:

אויפן גאלגאן שטעקט א טשוואק,
דארטן וועלן מיר הענגען —
דיין שיינעם ראק.

**המן**:

וואו וועט מען הענגען, הענגען —
מיין שיינעם מיץ?
זאגט־זשע איר אלע! . . .

**כאר**:

אויפן גאלגאן שטעקט א שפיץ,
דארטן וועלן מיר הענגען דיין שיינעם מיץ . . .

**המן**:

וואו וועט מען הענגען, הענגען —
מיינע שטיוול־שפארן?

**כאר**:

אויפן גאלגאן שטעקט א דארן:
דארטן וועט מען הענגען דיינע שטיוול־שפארן.

**המן**:

וואו וועט מען הענגען, הענגען —
מיינע צען קינדער?

**כאר**:

אויפן גאלגאן גייען רינדער:
דארט וועט מען הענגען דיינע קינדער.

**המן**:

וואו וועט מען הענגען המנ'ען אליין?

כאָר:

אויפֿן גאַלגאַן שטייט אַ בוים.
דאָרט וועט מען הענגען המנ׳ען אַליין,
המנ׳ען אַליין . . .

(המן פֿאַלט אין חלשות. די סאָלדאַטן כאַפּן אים אונטער די הענט, ער בלייבט אַזוי מיט אַן אָראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ).

**פּאַיאַק: נו, וואָס זאָגסטו, המן הרשע? וועסט שוין וויסן נאָכאַמאָל ווי צו טשעפּען זיך צו ייִדן, און אויסטראַכטן אויף זיי בלבולים אומזיסט און אומגישט. אַלע המנ׳ס ווינטש איך אַזאַ סוף. באַלד וועסטו ליגן אין דר׳ערד, און מרדכי הצדיק וועט רייטן אויפֿן פֿערד . . .**

**ווײַזתי: אַ בראַכוסיו צו מײַן קאַפּוסיה, באַלד וועלן מיר הענגען אויף דער תליה׳וסיו . . .** (וויינט)

**פּאַיאַק: שטילער, לעקיש, רעווע ניט אַזוי. פּערעלע, זאָלן די ליאַל־קעס זינגען עפּעס אַ פֿריילעך לידל, און נאָך דעם וועלן מיר אַלע צוזאַמען גיין אַ טענצל. ערשטנס, איז דאָך הײַנט עפּעס פּורים אויף דער וועלט. צווייטנס: פּטור געוואָרן פֿון אַ המן, און וואָס ווייניקער המנ׳ס, אַלץ גע־זונטער וועט זײַן פֿאַר אונדז אַלעמען.**

(פּערעלע און סערעלע לויפֿן צו צו די ליאַלקעס, מען דרייט זיי אָן. אַלע ליאַלקעס זינגען: „הײַנט איז פּורים, ברידער").

(קאָמישער ליאַלקע טאַנץ. פּערעלע און סערעלע טאַנצן מיט. פּאַיאַק פּלעס־קעט בראַוואָ און שרייט):

**פּאַיאַק: אַט אַזוי, ליאַלקעס, האָב איך אײַך ליב. איצט גייט צוריק אויף אײַערע ערטער.**

(די ליאַלקעס שפּרינגען אויף צוריקוועג צו די שאַכטלען. סערעלע איז שטאַרק באַגייסטערט, כאַפּט אַרום פּערעלען, קושט איר און זאָגט):

**סערעלע: די פּלעי וואַז גרעיט, ענד יאָור דאָלס אַר וואָנדער־פֿול . . .** (פּרוּווט ריידן יידיש) **טומאָרא, איך קום אין יור שול לערנען דזשואיש.**

**פּערעלע: בראַוואָ, סערעלע, בראַוואָ!**

(כאַפּן זיך אַרום, און קושן זיך).

(פֿאָרהאַנג)

# אַ פרייַלעכער פּורים

**פּערזאָנען:**

| | |
|---|---|
| **טאַטע** | **וועלוול**, 11 יאָר |
| **מאַמע** | **פריידל**, 12 יאָר |
| **פעטער נתן** | **פּערעלע**, 7 יאָר |
| **נעכע**, אַ דינסט | **מענדל**, 10 יאָר |
| **מאַקס**, אַכט יאָר | **פּיפּקע**, 11 יאָר (מענדלס אַ חבר |

**און אַנדערע קינדער.**

**פּורים־שפּילער:**

| | |
|---|---|
| **מרדכי** | **אַחשורוש** |
| **המן** | **אסתר** |

**צוויי אחשתרנים.**

אויסשטאַטונג:

די בינע שטעלט פאָר אַן עס־צימער. איידער דער פאָרהאַנג עפנט זיך, הערט מען זינגען „שושנת יעקב". אין מיטן געזאַנג — הייבט זיך לאַנג־זאַם אויף דער פאָרהאַנג. וועלוול דיריגירט מיט אַ כאָר פון אינגלעך און מיידלעך. ווען זיי פאַרענדיקן דאָס געזאַנג, שרייט מען אויס „הוראַ!"

ו ו ע ל ו ו ל : און וואָס וועט זיין מיט דער שפּיל?

מ אַ ק ס : איך וויל ניט, אַז „פּיפּקע" זאָל שפּילן מרדכי׳ן! ער איז אַ גראָבער גוי, זאָל ער שפּילן המנ׳ען.

ע ט ל ע כ ע : יאָ, המנ׳ען, אודאי דאַרף פּיפּקע שפּילן המנ׳ען!

פּ י פּ ק ע : (שטעקט אַרויס דעם צונג) : דיר אויף צו להכעיס, מאַקסעלע־פּלאַקסעלע, וועל איך שוין שפּילן מרדכי׳ן.

ע ט ל ע כ ע : יאָ, פּיפּקע דאַרף שפּילן מרדכי׳ן, מאַקסן אויף צו להכעיס.

מאַקסל־פּלאַקסל, נאָדל טעשל,
גיי אין קראָם, און כאַפּ אַ פּלעשל.
גיי צום טייך און גיב אַ פּליאָך,
גיי צוריק, און ווער אַ ביק.

א י י נ ע ר : ביקעלע, קעלבעלע מע־ע־ע!

אַ ל ע : מע־ע־ע!

מ אַ ק ס (טופּעט מיט די פיס) : איכל אייך באַלד אַלעמען אַרויסטרייבן פון שטוב, און איכל אייך ניט אַריינלאָזן שפּילן די שפּיל. איך דאַרף אייך אַלעמען אויף כפּרות.

ו ו ע ל ו ו ל : שטילער,שאַט! איך וויל אייך עפּעס זאָגן אַ וואָרט!

ע ט ל ע כ ע : דיין מאַקס מיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער ש׳מענטש!

ו ו ע ל ו ו ל : איר׳ט ווערן שטיל, אַניט וועל איך אייך אַלעמען מיט מיין רעוואָלווער אויסשיסן!

פּ י פּ ק ע : קינדער, ס׳איז ניט קיין אמת׳ער רעוואָלווער, פליגן קאָן מען מיט אים שרעקן — ניט שיסן.

ו ו ע ל ו ו ל : אַזוי זאָגסטו!

(וועלוול שיסט. הינטער די קוליסן הערט זיך אַ געשריי „אוי!")

נ ע כ ע : (לויפט אַריין דערשראָקן מיט אַ גרויסער קאָך־לעפל אין האַנט) : וואָס ס׳האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט די נאַכט און יענע נאַכט, זאָל אויסגיין צו מיינע שונאימ׳ס קעפּ! צו וואָס, וועלוול, האָסטו געבראַכט אַהער די גאַנצע כאַליאַסטרע? זע נאַר, וואָס פאַר אַ חורבן זיי האָבן מיר אָנגעמאַכט אין שטוב. וואָרט, וועלוועלע, די מאַמע וועט באַלד קומען, וועל איך דיר שוין צושטעלן אַ בענקעלע.

ו ו ע ל ו ו ל : נעכעלע — גיב אַ שמייכעלע. (קינדער שטיקן זיך פון געלעכטער).

נ ע כ ע : איכל דיר באַלד געבן אַזאַ שמייכל, אַז דו וועסט פאַרלירן דעם שכל, דו שייגעץ איינער!

**וועלוול** (רייצט זיך מיט איר): **נעכעלע, זיי נים אין כעס, איכל דיר געבן וואסער א פולע פאס.** (די קינדער ברעכן אויס אין א געלעכטער).

**נעכע** (כאפט א בעזים פון ווינקל): **ארויס, שקצים! אייער פוס זאל מער איבער מיין שוועל נים אריבערטרעטן!** (די קינדער לויפן ארויס מיט א געפילדער). **נאדיר א פורים אויף מיין קאפ. א שפיל האט זיך זיי פארוואלט, און צו מיין קאפ לאזט זיך עס אויס. נו, נו!** (ראמט צו)

**וועלוול** (שטעקט אריין דעם קאפ אין טיר): **נעכעלע, גיב א שמייכעלע!**

(נעכע צום טיר, ער אנטלויפט).

**נעכע**: **ווי איז מיר, אזויפיל ארבעט, וועז וועל איך ארויסקריכן? און די קאמאנדע לאזט נים טאן פון דאנען־אהין.** (אפ לינקס)

(וועלוול שטעקט ווידער אריין דעם קאפ, ווינקט צו אימיצן. וועלוול און מענדל קומען אריין אויף די שפיץ־פינגער).

**מענדל** ש־ש־ש. (זעצן זיך, ריידן אין דער שטיל).

**וועלוול**: **מענדל, ס'איז אמת?**

**מענדל**: **וואס?**

**וועלוול**: **זע נאר, ווי ער מאכט זיך עס גע'פגר'ט.**

**מענדל**: **וואס אזעלכעס?**

**וועלוול**: **דו ווילסט פאסטן?**

**מענדל**: **יא, איך האב זיך געוועט מיט נעכען, אז איכל פאסטן א גאנצן טאג.**

**וועלוול**: **פארוואס עפעס ווילט זיך דיר פאסטן?**

**מענדל**: **מיין רבי האט מיר געזאגט, אז מען דארף היינט פאסטן.**

**וועלוול**: **פארוואס האסטו אים נים געפרעגט צי ער אליין פאסט?**

**מענדל**: **איך וויל „טרייען" צי איך וועל זיין „עיבל" צו פאסטן.**

**וועלוול**: **וואסער „טרייען", וואסער „עיבל", דו וועסט נים אויס־האלטן. איך קען זיך וועטן מיט דיר.**

**מענדל**: **אלרייט, האו מאטש דו יו גא אין עי בעט?**

**וועלוול**: **איכל דיר אוועקגעבן מיין ניי מעסערל. און וואס וועט זיין, אז דו וועסט פארשפילן?**

**מענדל**: **סא, איך דיר גיבן מיינע צען סענט, וואס פא מיר גע־געבן יעסטערדעי.**

**וועלוול**: **אלרייט, אפגעמאכט!** (גיבן זיך די הענט).

**מאמע** (קומט פון מיטל־טיר): **וואו זיינען די איבעריקע קינדער? מען דארף דאך שוין באלד גיין עסן.**

**וועלוול**: **איך האב שוין געגעסן, און מענדל פאסט היינט.**

מ אַ מ ע : וואָס איז דיר עפּעס פּאַר אַ פֿאַסטן אַריין אין קאָפּ?

מ ע נ ד ל : די רבי געזאָגט, היינט „די פעסט אָוו עסטער״, סאָ, איך דאַרף פֿאַסטן.

מ אַ מ ע : נאַדיר אַ רבי אויף מיין קאָפּ! ס׳איז גאַרנישט אויסצוהאַלטן פֿון זייערע נאַרישקייטן. גיי, עס — זאָג איך דיר!

מ ע נ ד ל : אַי דאָנט וואָנעט.

(נעכע קומט פֿון לינקס).

נ ע כ ע : זיי זיצן שוין ווי די סטאַטיקעס. קורצע יאָר האָבן זיי מיר היינט געמאַכט. וועלוול האָט צונויפגענומען אַ כאַפּטע קינדער, און זיי האָבן די שטוב איבערגעקערט. איך האָב מענדלען געגעבן קאַקאָ מיט בול־קע, האָט ער עס אָפּגעגעבן דעם הונט.

(מענדל שוויגט און שמייכלט).

וו ע ל וו ל : מענדל האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט געפרעגט ביי „קיטין״ צי זי וויל קאַקאָ מיט בולקע, און זי האָט אים געזאָגט „יאָ״.

(מענדל לאַכט).

מ אַ מ ע : און וואו זענען די איבעריקע קינדער?

נ ע כ ע :(מיט אויסגעשריי) אוי, אַ שלאַק איז מיר! דער „פּודינג״ האָט שוין געמוזט פֿאַרברענט ווערן! (לויפֿט אָפּ לינקס).

מ אַ מ ע : וואַרט, מענדל, איך וועל עס דערציילן דעם טאַטן, ער וועט זיך מיט דיר שוין אָפּרעכענען, און דעם הונט וועל איך נאָך היינט אַוועקגעבן. וועלוול, וואו איז מאַקס, פֿריידל און פּערלע?

וו ע ל וו ל : זיי מוזן זיך שפּילן ערגעץ אין הויף.

מ אַ מ ע : אוי, אַמעריקע מיט אירע ביזנעס, פֿאַרברענט זאָל עס ווערן. קיין פֿרייע מינוט ניטאָ אפֿילו אויף די קינדער אַ קוק צו טאָן. קום, וועלוול, לאָמיר גיין אויפֿזוכן די קינדער (ביידע אָפּ, מיטן).

מ ע נ ד ל (קוקט זיך אַרום): אוי, איך אַזוי הונגעריק! (כאַפּט זיך פֿאַרן בויך) איך ניט וויסן וואָס מע טוט. וועט זיין „אַ ביג שעים״ ווען איך ניט אויסהאַלטן (שפּאַנט אַרום איבערן צימער, האַלט זיך פֿאַרן בויך).

וו ע ל וו ל (פֿון מיטן): נו, מענדעלע, ביסט שוין הונגעריק, האַ?

מ ע נ ד ל : נאָן יאָור ביזנעס.

וו ע ל וו ל : ווייסט, וואָס איכל דיר זאָגן?

מ ע נ ד ל : יע?!

וו ע ל וו ל : איכל דיר געבן מיין רעוואָלווער, און דו גיי עס עפּעס.

מ ע נ ד ל : דו ווילסט מאַכן אַ „פול״ פֿון מיר.

וו ע ל וו ל : דו האָסט שוין אַלצאיינס געגעסן.

מ ע נ ד ל : דאַטס אַ לאַי!

וועלוול: ווייז נאָר דעם צונג, ווער עס פאַסט — ביי דעם איז דער צונג אַ ווייסער. (מענדל שטעקט אַרויס דעם צונג). אמת, טאַקע גאָר ניט געגעסן. (פאַרקלערט זיך). מענדעלע, זע נאָר, וואָס פאַר אַ גוטע המן־טאַשן.

מענדל: איך הער ניט! (פאַרשטעלט די אויערן) איך הער ניט!

וועלוול: זע נאָר, אין שאַפע, וואָסערע גוטע מאַראַנצן, ניס און עפּל.

מענדל: איך הער ניט. געט אוט אָף היר!

וועלוול: (רייצט זיך מיט אים): ע, ע, ע, דו ביסט הונגעריק, דו ביסט הונגעריק!

(מענדל לויפט אים נאָך, וועלוול אַנטלויפט. מענדל גייט אַרום אַ ביזער).

ערשטער איינגל (קומט דורך מיטל־טיר, מיט עפּל): מענ־דעלע, דו פאַסט טאַקע אויף אַן אמת׳ן?

מענדל: איטס נאָן יור ביזנעס!

איינגל: ווילסט אַ שטיקל עפּל? ס׳איז אַ גוטער! (ער בייסט געשמאַק דעם עפּל).

מענדל: עס אַליין.

צווייטער איינגל: (מיט אַ המן־טאַש): מענדל, דו פאַסט? ווילסט אַ שטיקל המן־טאַש? זע נאָר, וויפיל מאָן. ער איז אַזוי גוט — מיט האָניק.

מענדל: איך ווייס, דאָס איך וועלוול געשיקט. גייט פון דאַנען! (טרייבט זיי צום טיר. דריטער איינגל קומט, קייט אַ מאַנדל).

דריטער איינגל: ע, איך האָב מאַנדלען, אַזעלכע גוטע — מיט ניס. מענדעלע, ווילסט אַ מאַנדל?

מענדל (שרייט): גייט אייך, גייט! דולט מיר ניט אַ קאָפּ! איך ווייס, וועלוול אייך געשיקט, גייט! (טרייבט זיי אַרויס) אוי, איך דאָס ניט אויסהאַלטן עס קלאַפּט מיר אין בויך, ווי דער „דראַמער" פון דער „סאַל־ווישאַן אַרמי" — זאָל דאַרטן „דראַמען". אוי, מיין בויך! אוי! . . . מען דאַרף נעמען אַ „קוקי". (לאָזט זיך צום טיש וואו עס שטייען די קיכעלעך) אוי, מיין בויך! (שטרעקט אויס די הענט, נעכע קומט אַריין).

נעכע: וואָס פאַרעסטו זיך שוין דאָרטן ביי די קיכעלעך? ווילסט שוין ווידער עפּעס געבן „קיטין"?! דו מיינסט ס׳איז דיר די קאַקאַ מיט בולקע?! (קוקט אויף אים מיט רחמנות) דו האָסט דאָך נאָך היינט גאָרניט געגעסן, ווילסט אפשר אַ המן־טאַש? דו וועסט דעם געוועט אַלצאיינס ניט געווינען. (זי גיט אים אַ המן־טאַש).

מענדל: איך וויל ניט, גיי דיר!

נעכע: ווילסט ניט — דאַרף מען ניט. (לייגט אַוועק דעם המן־טאַש, אָפּ לינקס).

מ ע נ ד ל : אוי, איכל עס ניט אויסהאַלטן. אוי, מיין בויך. (קוקט זיך אַרום) דוכט זיך, קיינער ניטאָ. אזאַ גוטער המן-טאַש. (נעמט, באַטראַכט אים). כאַטש איין ביס. (טוט אַ גרויסן ביס).

(וועלוול קומט אַריין).

וועלוול : ע, ע, געזען, איך האָב אַלץ געזען! (רייצט זיך מיט אים)

מ ע נ ד ל (וואַרגט זיך, שטופט דעם המן־טאַש אין קעשענע) : וואָס געזען? וואָס?

וועלוול : אָבער דו פּאַסט שוין ניט מער, דו פּאַסט שוין ניט!

מ ע נ ד ל : דאָס אַ לאַי! איך פּאַסט!

וועלוול : דו פּאַסט אַזוי, ווי דאָס הינטל „קיטי" — פּאַסט.

(מאַמע, מאַקס, פריידל און פּערעלע קומען מיטן).

מ אַ מ ע : וואָס איז דאָ אַזאַ געפּילדער? דאָס האַרץ האָט זיך מיר אָפּגעריסן.

וועלוול : מענדעלע פּאַסט שוין ניט מער, ער האָט אויפגעגעסן אַ המן־טאַש! —

ק י נ ד ע ר : מענדעלע האָט ליב נאַשן — עסן המן־טאַשן! (עטלעכע מאָל).

מ ע נ ד ל (וויינט) : דאָס אַ לאַי, אַי דיד נאָט!

מ אַ מ ע (קוקט אויף די המן־טאַשן) : זע נאַר, ס׳פעלט טאַקע אַ המן־טאַש, זאָל ער עסן געזונט. באַלד וועט קומען דער טאַטע און דער פעטער נתן. ווען וועט קומען דיין חברה?

פ ר י י ד ל : מאַמע, היינט ווערט דאָך וועלוועלען עלף יאָר, וועסטו פאַר אונדזערע שול־קינדער מאַכן אַ פּאַרטי?

מ אַ מ ע : מעט מאַכן, מעט מאַכן! (גרייט צום טיש).

מ אַ ק ס : האָסטו, מאַמע, צוגעגרייט קענדי?

פּ ע ר ע ל ע : מאַמע, דו מיר גיבן קענדי?

מ אַ מ ע : לאָזט אַ מינוט, איר׳ט שוין זען פּאַרטיקערהייט.

(טאַטע און פעטער נתן קומען אַריין, קינדער לויפן אַנטקעגן).

פ ר י י ד ל : טאַטע, מאַמע מאַכט היינט וועלוולס געבורטסטאָג!

ט אַ ט ע : מיר איז דאָס גאָר אַרויס פון זינען. ער איז דאָך עפּעס מיין יידישיסט.

נ ת ן (צו מאַמען) : חנה, פאַרוואָס האָסטו אונדז טאַקע ניט געזאָגט, אַז היינט איז וועלוולס געבורטסטאָג? עפּעס אַ מתנה האָט ער דאָך די ווערט.

מ אַ מ ע : ער׳ט זיך שוין באַדרייען אַזוי אויך.

וועלוול : פעטער, איכ׳ל שוין אָפּנעמען ביי אייך אַן אַנדערש מאָל אַבי איר׳ט נאָר לעבן.

מ אַ מ ע : זעצט זיך, וואָס זענט איר שטיין געבליבן?

ט אַ ט ע : וועלוול, וואָס הערט זיך עפּעס מיט דיין פּורים־שפּיל?

מ אַ מ ע : נאָך פאַר וועטשערע?

ק י נ ד ע ר : יאָ, שוין, שוין!

נ ת ן : און דו, וועלוול, נעמסט אויך אַנטייל?

ו ו ע ל ו ו ל : יאָ.

פ ר י י ד ל : ער איז דאָך דער גאַנצער מאַכער אין דעם שפּיל.

ט אַ ט ע : לויף, וועלוול, און ברענג די אינגלעך.

ו ו ע ל ו ו ל : די מינוט. (לויפט אַרויס).

נ ת ן : און דו, פריידל, וואָס האָסטו עפּעס צוגעגרייט?

פ ר י י ד ל : די געשיכטע פון פּורים.

נ ת ן : לאָמיר הערן.

מ אַ מ ע : איין מינוט, נעכע וועט דערווייל דערלאַנגען טיי און צו־בייסנס. (שרייט) נעכע, טראָג אַריין טיי און צובייסנס!

נ ע כ ע :(פון קיך): די מינוט!

ט אַ ט ע (צו פּערלען): און דו, פּופּעלע, האָסט עפּעס אויך צוגעגרייט אויף היינט?

פ ע ר ע ל ע : יאָ, פּאַפּאַ, אַ דעקלאַמאַציע. (נעכע ברענגט טיי און צו־בייסן, בלייבט אויך שטיין און הערט זיך איין).

ט אַ ט ע : קום אַהער, פּופּעלע, צו מיר, שטעל זיך אויף מיין קני, און זאָג וואָס דו קענסט. (ער נעמט פּערעלען אויפן קני, זי דעקלאַמירט, אַלע פּאַטשן בראַוואָ).

נ ת ן : מענדל, וואָס זיצסטו עפּעס אין אַ ווינקל אַזוי אָנגעבלאָזן, מעז האָט פאַרנומען דיינע קאַטשקעס אויפן וואַסער?

מ אַ ק ס : ער פאַסט היינט.

ט אַ ט ע : מענדל, קום נאָר אַהער! (מענדל גייט צו). זאָג נאָר, ווייסטו עפּעס וועגן פּורים?

מ ע נ ד ל : יאָ, איך ווייס אין היברו.

ט אַ ט ע : זאָל זיין אין היברו.

נ ת ן : נו, דבר — היברו.

מ ע נ ד ל : במדינת פרס מלך אחד בשם אחשורוש.

ט אַ ט ע : חנה, דו ווייסט וואָס ער האָט געזאָגט?

מ אַ מ ע : זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז.

ט אַ ט ע : פאַרטייטש דאָס דער מאַמען, זי פאַרשטייט ניט אַ וואָרט וואָס דו האָסט געזאָגט.

מ ע נ ד ל : אין פּוירשי וואָז עי קינג ביי דע נעים אַכאַשוועראָש.

נ ת ן : אויף יידיש קענסטו דאָס ניט פאַרטייטשן?

מ ע נ ד ל : די רעבע אונדז ניט געזאָגט.

ט א ט ע : נו, זאָג ווייטער.

מ ע נ ד ל (קלערט): פעם אחת באָ, באָ, באָ . . .

ט א ט ע : זייער פֿײַן און זייער גוט, אָבער אַז מען דערציילט אַ מעשה פֿאַר אַ סך מענטשן, איז גוט, אַז אַלע פֿאַרשטייען זי. דאָס וואָס דו דערציילסט, מענדל, קען דײַן מאַמע נישט פֿאַרשטיין. זי אַליין האָט דיך געשיקט צום רעבן, און זי אַליין פֿאַרשטייט נישט וואָס דער רעבע האָט מיט דיר געלערנט. (חנה שווײַגט) קום אַהער, פֿריידל, דערצייל אונדז דו, וואָס פֿאַר אַ יום־טוב פּורים איז.

פ ר י י ד ל (קומט צו, הייבט אָן דערציילן): אין דער מדינה פּרס האָט אַמאָל געלעבט אַ מלך מיטן נאָמען אַחשוורוש. ער איז געווען אַ גרויסער נאַר, און נאָך אַ גרעסערער שיכור. איינמאָל איז צו אים געקומען זײַן מיניסטער המן, וואָס איז געווען זייער אַ שלעכטער, און ער האָט אָנגערעדט אַ סך שלעכטס זאַכן אויף די אידן. ער האָט אים געזאָגט, אַז די אידן היטן נישט אָפּ די געזעצן פֿון לאַנד, אַז זיי לאַכן אָפּ פֿון דעם פּערסישן גלויבן, דערפֿאַר דאַרף מען אַלע יידן אויס׳הרג׳ענען. אַחשוורוש איז געווען שיכור, האָט ער זיך געלאָזט אָנריידן, און האָט דערלויבט המנ׳ען צו טאָן מיט די יידן וואָס ער וויל. אין דערזעלבער צײַט, האָט מען פֿאַר דעם קיניג באַדאַרפֿט זוכן אַ נײַע פֿרוי, ווײַל זײַן ערשטע ווײַב האָט ער געהייסן הרג׳ענען, זי האָט נישט געוואָלט טאַנצן פֿאַר אים ווען ער איז געווען שיכור. און גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז אַ מיידל מיטן נאָמען אסתר, וואָס איז געווען זייער אַ שיינע יידישע טאָכטער, איז אים געפֿעלן געוואָרן, האָט ער זי געמאַכט פֿאַר אַ מלכה. ווען אסתר האָט דערהערט, אַז המן וויל אויס׳הרג׳ענען אַלע יידן, און איר פֿעטער מרדכי׳ן וויל ער אויפֿהענגען, איז זי באַלד אַוועק צום קיניג אַחשוורוש און בײַ אים אויסגעפֿירט, אַז מען זאָל די יידן נישט אָנרירן. אַחשוורוש האָט זיך דערמאָנט, אַז אסתר׳ס פֿעטער, מרדכי, האָט אים אַמאָל געראַטעוועט פֿון טויט, האָט ער באַפֿוילן, אַז מרדכי׳ן זאָל מען מאַכן פֿאַרן ערשטן מיניסטער, און המנ׳ען זאָל מען הענגען אויף דער זעלבער תליה, וואָס ער האָט געמאַכט פֿון מרדכי׳ס וועגן. די יידן האָבן זיך זייער געפֿרייט און געפֿייערט אַ יום־טוב, וועלכן זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן פּורים. דאָס איז די גאַנצע מעשה אין קורצן. (פֿאַרנייגט זיך).

(אַלע פּאַטשן בראַוואָ).

ט א ט ע : אָט דאָס הייסט גע׳דבר׳ט! איצט זעסטו שוין, חנה, וואָס קינדער לערנען זיך אויס אין אַ מאָדערנער יידישער שול ?! זאָל איך האָבן אַזאַ יאָר, ווי זי רעדט אַ ריינערן יידיש פֿון מיר.

נ ת ן : איך מיינס מײַנס: עס געווענדט זיך אין טאַטע־מאַמע, ווי אַזוי זיי לערנען די קינדער — אַזוי קענען זיי. מײַן חיים לערנט שוין דאָס צווייטע יאָר אין מיטל־שול, און די לערער — לעקן פֿון אים די פֿינגער.

(וועלוול לויפט אַריין פאַרסאָפּעט).

**וועלוול: זיי קומען! מאַכט פּלאַץ, רוקט אָפּ דעם טיש.**

(מען רוקט זיך אָפּ אין אַ זייט. אַ קלאַפּ אין טיר. אַריין! צוויי אַחשתרנים קומען אַריין. ביידע שוואַרצע).

**ערשטער: גוטן אָוונט, מיינע ליבע לייט!**

**צווייטער: אונדזער וועג איז געווען זייער ווייט.**

**ערשטער: אויפן וועג האָבן וועלף און בערן געטאָן ברילן.**

**צווייטער: אָבער מיר זענען געקומען צו אייך אַ פּורים־שפּיל שפּילן.**

**ערשטער: ווען איר וועט אונדז אַ דערלויבעניש געבן.**

**צווייטער: וועט איר דערפאַר 120 יאָר דערלעבן.**

**אַלע. זאָלן זיי אַריינקומען, זאָלן זיי . . .**

(אַחשתרנים פאַרנויגן זיך, שטעלן זיך פון ביידע זייטן טיר און זאָגן):

**ערשטער: קומט, שפּילער, אַריין. קומט, שפּילער, אַריין!**

**צווייטער: דער טיש איז געגרייט מיט מעד און מיט ווייך.**

**צווייטער: מעדני־מאכלים — מיט צימעס און פיש.**

**ערשטער: מיט מעד און ווייך — געגרייט איז דער טיש.**

(שפּילער קומען אַריין, אויסער המנ׳ען, פאַרנויגן זיך).

**שפּילער** (אין כאָר):

**גוטן יום־טוב, גוטן פּורים, ליבע מענטשן!**
**העלפט אונדז אַלע המנ׳ען שעלטן, און די מרדכי׳ס בענטשן.**
**ווייל, היינט איז פּורים, און מאָרגן איז אויס.**
**דערלאַנגט די מטבעות און וואַרפט אונדז אַרויס.**

(שפּילער פאַרנויגן זיך. שטובמענטשן לאַכן. אַחשתרנים זאָגן):

**ערשטער: מענטשן ליבע, זאָל זיין שטיל.**

**צווייטער: מיר ווילן אָנהויבן אונדזער שפּיל.**

**ערשטער: מלך־חכם! זייט גוט און וואויל.**

**צווייטער: און זאָג אונדז עפּעס מיט דיין גאָלדן מויל.**

**אַחשורוש** (הוסט זיך אויס):

**איך בין דער קעניג אַחשוורוש.**
**אַן איי ניקל פון גרויסן קעניג כורש.**
**איך בין דער גרעסטער חכם, ווי איר זעט בחוש.**
**איך טו טאָן געוועלטיקן — פון הודו ביז כוש.**
**דערפאַר, וואָס איך בין אַזאַ קלוגער קעניג.**
**האָב איך הונדערט זיבן און צוואַנציק מדינות אונטערטעניק.**
**איר אַלע מוזט אויספּילן אַלע מיינע פאַרלאַנגען.**
**און מיין גאָלדענעם טראָן מיר תיכף דערלאַנגען.**

(אַחשתרנים דערלאַנגען אַ פּראָסטן שטול, ער זעצט זיך, זיי שטעלן זיך פון ביידע זייטן).

**ע ר ש ט ע ר:** איצט קומט די גרויסע קעניגין — די שיינע אסתר!

**צ ו ו י י ט ע ר:** זי האָט געדינט די אידן, ווי אַן אייגענע שוועסטער.

**ע ר ש ט ע ר:** מען האָט זי אויך גערופן מיטן נאָמען — הדסה.

**צ ו ו י י ט ע ר:** איר הויט איז אַ גרינע, דערצו נאָך אַ בלאַסע.

**ע ר ש ט ע ר:** זי מעג זיין אַ בלאַסע, זי מעג זיין אַ גרינע.

**צ ו ו י י ט ע ר:** זי איז אָבער די שענסטע אין אונדזער מדינה.

(אסתר דערנעענטערט זיך).

**א ח ש ו ו ר ו ש:**

קעניגין — אסתר, וואָס איז דיין באַגער?
וואָס שטייסטו דערשראָקן? קום צו מיר אַהער!
דו ביסט דאָך מיין שטאָלץ, דו ביסט דאָך מיין לעבן.
אַ האַלבע מלוכה — בין איך גרייט דיר צו געבן.

(דערלאַנגט דעם סצעפּטער).

**א ס ת ר** (פאַרנויגט זיך, רירט אָן דעם סצעפּטער):

אויב דו ביסט פון מיין קומען באמת צופרידן,
טו מיר אַ טובה — פאַר מיינע ברידער, די יידן.

**א ח ש ו ו ר ו ש:**

זאָג מיר, מיין ליבסטע, וואָס איז געשען?
וואָס האָט געטראָפן? וואו? און אויך ווען?

**א ס ת ר:**

המן האָט איבערן לאַנד צעשיקט פּאַפּירן, וואָס לויטן,
„מען זאָל אַלע יידן אין איין טאָג — אויסטויטן".
דו מוזט גלייך אויפן שטעל,
אָפּהאַלטן דעם שוידערלעכן באַפעל.

**א ח ש ו ו ר ו ש:**

פון האָבען ווייסטו, ליבסטע מיין?
עס קען אַזעלכעס גאָר ניט זיין!

**א ס ת ר:**

מיין פעטער מרדכי האָט די נייס געבראַכט צוטראָגן,
אַז אַלע יידן — וויינען און קלאָגן.

**א ח ש ו ו ר ו ש:** איז דיין פעטער מרדכי דאָ אויך פאַראַן?

**ע ר ש ט ע ר:** ר' מרדכי'לע, דו פיינער, טו צום קעניג אַ שפּאַן!

**צ ו ו י י ט ע ר:** און זאָג עפּעס דעם שיכור, דעם בולוואַן.

מ ר ד כ י (קומט צו):
מרדכי־היהודי איז מיין נאָמען,
איך קום אַרויס פון שבט בנימין.
מיר זענען מענטשן שטילע, מענטשן גוטע,
מיר פאַרנעמען ניט ביי קיינעם קיין פרוטה.

א ח ש ו ו ר ו ש :
יאָ, קיינער האָט קיין רעכט,
דיך צו איך שלעכט.

מ ר ד כ י :
איך האָב דאָך אַמאָל געראַטעוועט דיין לעבן,
דו האָסט מיר דערפאַר קיין באַפרידיקונג ניט געגעבן.
ראַטעווע איצט מיין פאָלק ישראל,
ווי איך האָב דיך געראַטעוועט אַמאָל!

א ח ש ו ו ר ו ש :
באַלד צעשיק איך אַ שריפט איבערן לאַנד,
אַז קיינער זאָל אייך ניט באַרירן מיט קיין האַנט!
אסתר ליבע, איכל אויך דערפילן דיין בקשה,
און הייסן באַשטראָפן — המן הרשע.

(מרדכי דערלאַנגט אים אַ פּאַפּיר. אַחשוורוש שרייבט אונטער. מרדכי און אסתר שמייכלען צופרידענע).

ע ר ש ט ע ר : עפּעס הערן זיך טריט, עמיץ מוז דאָרט קומען,

צ ו ו י י ט ע ר : דאָס קומט דער גרויסער הונט — דער רשע המן!

(המן קומט אַריין מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט. דערזעט מרדכי׳ן און אסתר׳ן, בלייבט דערשראָקן).

א ח ש ו ו ר ו ש :
וואָס האָסטו זיך דערשראָקן,
און געבליבן שטיין ווי אַ פלאָקן?

ה מ ן :
איך קום איצט צופאָרן פון איבערן לאַנד,
און געזען ווי די יידן מאַכן דיך צושאַנד.
אַלע יידן טוען פאַרלעצן —
דיינע הייליקע געזעצן.
אַלעמען טוען זיי באַגנב׳ענען און באַרויבן,
און שימפּן און שענדן אונדזער גלויבן!

א ח ש ו ו ר ו ש (שלאָגט איבער):
המן, דיין צינגל איז ווי אַ שאַרף קלינגל,
קלערסט אויס בלבולים אויף מענטשן —

װעלכע מיר װאָלטן גאָר באַדאַרפט בענטשן.
זײ פירן זײער האַנדל — ברײט און װײט,
און אונדזער לאַנד װערט באַרימט בײ לײט.
זײ צאָלן זײער שטײער פינקטלעך, און גוט,
צו װאָס זײ פאַרצאַפּן אומזיסטיק בלוט ?!

המן:

קעניג, דו האָסט געמוזט זײן באַזװיפט —
װען דו האָסט מיר די ייִדן פאַרקױפט.
צען טױזנט רענדלעך האָב איך באַצאָלט אין מזומן,
אױב ניט, זאָל מײן נאָמען — ניט הײסן המן!

אחשװרוש:

דערפאַר װאָס דו האָסט געװאָלט ברענגען אַזאַ שאָדן —
אױף מײן לאַנד,
זאָל מען אַזאַ מיאוסע בריאה —
הענגען אױף דער תּליה —
װאָס דו האָסט געמאַכט פון מרדכי׳ס װעגן,
און דעם טױט זאָלסטו באַלד קריגן.
און מרדכי׳ן זאָל מען פאַרן ערשטן מיניסטער מאַכן:

ערשטער:

און פון המנ׳ען װעלן אַלע חוזק׳ן און לאַכן,

צװײטער:

און מרדכי׳ן און אסתּר׳ן װעלן אַלע מענטשן
לױבן און בענטשן!

בײדע: און מיר װעלן אַלע זינגען:
פאַרשאָלטן זאָל װערן המן, װאָס איז דער ערגסטער,
(די אַחשתּרנים האַלטן המנ׳ען. אַלע, אױך די שטוב־מענטשן, זינגען
דאָס ליד):

הײנט איז פּורים, ברידער,
עס איז דער יום־טוב גרױס,
לאָמיר זינגען לידער,
און גײן פון הױז צו הױז.
לאַך, מרדכי׳לע, לאַך,
אַ יום־טוב׳ל מאַך,

קינדס־קינדער געדענקען דעם נס.
זינגט, קינדערלעך, זינגט,
טאַנצט פרײלעך און שפּרינגט,
דעם טײערן טאָג ניט פאַרגעס.
הײנט איז פּורים, ברידער . . .

(ש. ריװעסמאַן).

(פאַרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)